# רוקח
# קאָך בוך

פרייז — $1.00



אַרויסגעגעבען פון
י. רוקח און סאָנס, אינק.
ברוקלין, ניו יאָרק

# צו די אידישע באלעבאָסטעס אין אַמעריקא,
# די זיילען פון דער אידישער היים,
# איז דיזער בוך געווידמעט
# מיט דאנקבאַרקייט
# און אנערקענונג

באַך אַ גענויען האַלבען יאָהר־הונדערט וואָס איך האָב מיט דעם אויבערשטען׳ס הילף אָבגעגעבען צו שאַפען און פּראָדוצירען כשר׳ע, נאהרהאפטע, געזונטע און געשמאַקע פּראָדוקטען פאַר דער אידישער היים, איז עס פאַר מיר אַ פרייד און פאַרגעניגען צו קענען פּרעזענ־טירען דעם רוקח קאָך בוך צו די אידישע באַלעבאָסטעס אין אַמעריקא.

איך האָף אַז מיט דער הילף פון דעם דאָזיגען בוך וועט די אידישע באלעבאַסטע וואָס איז בארימט פאַר איהר פעהיגקייט אין קאָכען און באַקען, קענען באַרייכערן איהר שפּייז־קאַרטע און פארשאַפען מעהר הנאָה צו די יעניגע וואָס זיינען איהר ליב און טייער — איהר מאַן און קינדער.

און עס איז מיין הייסעסטער וואונש און ברכה אַז דער רוקח קאָך בוך זאָל העלפען אידישע טעכטער צו געהן אין די וועגען פון זייערע מוטערס, פאָרטצוזעצען די טראַדיציאָנעלע כשרות, וואָס מיינט אויך די ריינ־ליכקייט און געזונדהייט פון דער אידישער היים.

ישראל רוקח
גרינדער און פּרעזידענט

י. רוקח און סאָנס, אינק.
ברוקלין, נ. י.

# אינהאלט־פארצייכנונג

—

## וואָגען און מאָסען

| | |
|---|---|
| 4 עס־לעפעל — — — — — — | ¼ קאָפּע |
| 2 קאָפּעס — — — — — — | 1 פּאַינט |
| 4 קאָפּעס מעהל — — — — — | 1 פונט |
| 2 קאָפּעס צוקער — — — — — | 1 פונט |
| 4 עס־לעפעל מעהל — — — — | 1 אונץ |
| 2 עס־לעפעל צוקער אָדער זאַלץ — — | 1 אונץ |

## דאָס באַקען

טעמפּעראַטור פון אויוועז (היץ) — מעסיג — 380 גראד פאהרענהאיט
די צייט ווענדעט זיך אָן די דיקקייט פון דעם קעיק.

א. קאָפּ קעיק — — — 12 ביז 15 מינוט
לעיער קעיק — — 20 ביז 30 מינוט
לאָוף קעיק — — 30 ביז 40 מינוט

ב. פערטלען פון צייט

1. פאַנגט אָן אויפגעהן;
2. ס'געהט אויף מעהר; פאַנגט אָן ווערען ברוין;
3. ס'ענדיגט ווערען ברוין;
4. זעצט זיך אַראָב אין פאַן.

ענדערט ניט די פּאָזיציע פון קעיק בעפאָר דעם 3טען פערטעל.

## אויפפּאסונג נאָכ'ן באַקען

נאָכ'ן ארויסנעהמען פון אויוועז לאָזט עס פאַרבלייבען אין פאַן ארום 3 מינוט, מאַכט לויז די ברעגעס מיט אַ מעסער; שטעלט עס ארויף אַן אָבקיהלער; קעהרט אום מיט'ן רעכטען זייט אַרויף אין עטליכע מינוט ארום.

## אַלגעמיינע כללים פאַר קעיקס מיט רוקח'ס כשר נייעפעט

מעסט אָב אַלע שטאָפען.

געברויכט פעיסטרי מעהל; זיפּט די מעהל פאַר'ן מעסטען, דערנאָך זיפט איבער נאָך אַ מאָל צוזאַמען מיט בייקינק פּאודער, זאַלץ און געווירצען. ווען איר געברויכט פרוכט אָדער ניס, לאָזט איבער אַ ביסעל מעהל זיי צו באדעקען.

געברויכט פיינע דינע צוקער.

מעסט אָב נייעפעט און טהוט עס אַריין אין דער מיש־שיסעל.

טיילט אָב די געלכלעך פון די ווייסלעך פון די אייער, אָבער צוקלאַפּט זיי ניט ביז איהר זייט גרייט זיי צו געברויכען.

שמירט גוט אונטער די פאַנען מיט רוק'ס כשר נייעפעט.

בעשטויבט מיט אַ ביסעל מעהל פון דער זיפּעל.

צינדט אָן דעם אויוועז און זייט זיכער אַז ער איז אין דער ריכטיגער טעמפּעראַטור (היץ) איידער די שטאָפען זיינען צוזאַמענגעמישט.

# פּאַרשפּייזען

## איי און סאַרדין פּאַרשפּייז

1 קען רוקח'ס סאַרדינס
1 האַרט־געקאָכטע איי
4 עס־לעפּעל רוקח'ס כשר נייעפּעט

1 טהעע־לעפּעלע לעמאָן־זאַפּט
⅛ טהעע־לעפּעלע מאָסטאַרד
⅛ טהעע־לעפּעלע פּעפּער
⅛ טהעע־לעפּעלע זאַלץ

צורייבט דאָס אַלעס דורך אַ זיפּעל. טהוט עס אַרויף אויף טאָוסט צושניטען אין צירקלען. באַשפּריינקעלט מיט פיין־צוהאַקטע פּאַרסלי (פּעטרישקע).

## צוהאַקטע איי און ציבעלע פּאַרשפּייז

צוהאַקט איין ציבעלע זעהר פיין, טהוט אַריין 2 עס־לעפּעל צולאָזטע רוקח'ס כשר נייעפּעט, זאַלץ און פּעפּער לויט געשמאַק, און 2 האַרט־געקאָכטע אייער פיין־צוהאַקט. מישט גוט אויס און באַשמירט אויף פּאַסען טאָוסט מיט אַ געפּילטען אליוו אין צענטער פאַר דעקאָראַציע.

## הייסע מאַשרום קאַנאַפּעי

1 פונט מאַשרום, צושניטען
1 גרויסע ציבעלע, פיין צושניטען

1 קויפּיגע עס־לעפּעל רוקח'ס כשר נייעפּעט
2 עס־לעפּעל זויער קרים

ברוינט ציבעלע אין נייעפּעט; טהוט אַריין מאַשרומס, זאַלץ און פּעפּער לויט געשמאַק. באַדעקט דעם טאָפּ און לאָזט לאַנגזאַם קאָכען אויף נידריגען פייער 25 מינוט. פאַר'ן סערווירען טהוט אַריין זויער קרים און לאָזט עס קומען צום קאָך־פּונקט. גיסט די געמישעכץ אַריבער אויף רונדע שטיקער טאָוסט. אויב מען וויל דאָס פאַר אַ פליישיגען מאָלצייט קען מען געברויכען וואַסער אנשטאט קרים.

## אַנדערע פּאַרשפּייזען

צורייבט 1 קען געריכערטע רוקח'ס סאַרדינס ווי אַ פּעיסט, באַזייטיגענדיג הויט און ביינער, טהוט אַריין ½ טהעע־לעפּעלע רוקח'ס כשר אויל, עטליכע טראָפּענס לעמאָן־זאַפט און צוהאַקטע פּאַרסלי(פּעטרישקע), און באַשמירט אויף קרעקערס.

אַ פּעיסט געמאַכט פון האַרט־געקאָכטע אייער־געלכלעך אויסגעמישט מיט מאַיאָנעיז וואָס איז געמאַכט מיט רוקח'ס כשר אויל (זעהט פּאַרשריט פאַר מאַיאָנעיז). סערווירט אויף קרעקערס.

באַשמירט גוט־אויסגעמישטע מאַיאָנעיז אויף קרעקערס. באַדעקט מיט אַ פּאַס וואורשט, אַ דינעם פּאַס פּימענטאַ און באַפּוצט מיט צוהאַקטע אַליווס. אָדער, אנשטאט פּימענטאָ, טהוט אַרויף אַ שטיקעל געפּילטע אַליוו אין צענטער.

# זופּען

## באַרלי און מאַשרום זופּ (פּערל-גרויפּען און שוועמלעך זופּ)

¼ קאָפּע לײמאַ בעבלעך, אָבגע-בריהט און אָבגעשײלט
1 מעער, צושניטעז אויף קלײנע שטיקלעך
½ קאָפּע סעלערי, צושניטען אויף קלײנע שטיקלעך
1 שטיק פּארסלי (פּעטרישקע)
2 עס-לעפעל פּערל-גרויפּען (באַרלי)
3 עס-לעפעל רוקח׳ס כשר נײעפעט
5 געטריקענטע שוועמלעך (מאַש-רומס) וואָס זײנען איבער נאַכט געווייקט געוואָרען אין קאַלטע וואסער
⅛ טהעע-לעפעלע פעפער
1 גרויסע פּאָטעיטאָ, צושניטען אויף קלײנע שטיקלעך
1 עס-לעפעל זאַלץ

קאָכט אין צוויי קוואָרט וואסער, צוויי שטונדען.

## קרויט זופּ

2 פונט קרויט, צופּעדימט, אײנ-געווייקט אין קאָכעדיגע וואַ-סער מיט זאַלץ צוויי מינוט
2 פונט טאָמעיטאָס, געקענטע
2 עפּעל, אָבגעשײלט, אויסגע-קערנערט און צושניטען
1 מיטעלמעסיגע מעער
3 עס-לעפעל רוקח׳ס כשר נײעפעט
3 גלעזער וואסער
זאַפט פון ½ לעמאָן
3 עס-לעפעל ברוינע צוקער אָדער רוקח׳ס פּיור בינען האָניג

קאָכט דאָס אַלעס צוזאַמען ביז קרויט איז ווייך. ווען פאַרטיג, צולאָזט 1 עס-לעפעל רוקח׳ס כשר נײעפעט אויף אַ פּראַי-פּאַן, טהוט אַרײן 1 עס-לעפעל מעהל, מישט דאָס אוים מיט 3 עס-לעפעל פון די קרויט-זופּ ביז עס ווערט געדיכט, טהוט דאָס אַרײן אין די זופּ, און קאָכט נאָך צוויי מינוט.

## לינזען זופּ

1 פונט לינזען
3 שטענגלעך סעלערי, צושניטען אין קלײנע שטיקלעך
1 מעער, צוריבען
1 עס-לעפעל זאַלץ
⅛ טהעע-לעפעלע פעפער

באַדעקט די לינזען מיט זודיגע וואסער. לאָזט שטעהן איבער נאַכט. לאָזט אָבלויפען די וואסער. ברוינט אַ צושניטענע ציבעלע אין 2 עס-לעפעל רוקח׳ס כשר נײעפעט און טהוט אַרײן די לינזען. טהוט אַרײן די מעער, סעלערי, זאַלץ און פעפער, און 2 קוואָרט וואַרימע וואַסער. קאָכט די אַלע זאַכען צוזאַמען לאַנגזאַם, אויסמישענדיג פון צייט צו צייט, ביז די לינזען זײנען גאַנץ ווייך. לאָזט דורך דורך אַ זיפּעל, לייגט צוריק אַרײן אין סאָוס-פּאַן, וואַרימט עס ווידער אויף און סערווירט מיט —

## געטריקענטע שטיקלעך טאָוסט פאַר זופּ

צושניידט האַרטע ווייסע ברויט אויף קליינע סקווערע שטיקלאַך. וואַרימט אויף אין אַ פריי־פאַן 4 עס־לעפעל רוקח׳ס כשר נייעפעט, טהוט אריין די שטיקלאַך ברויט, מאַכט זיי ברוין אויף אַלע זייטען. טהוט עס אריין אין די זופּ בעפאָר איהר סערווירט.

פרענקפורטערס צושניטען אויף קליינע שטיקלאַך קענען אריינגעטאָן ווערען אין די זידענדע זופּ פאַר׳ן סערווירען.

## לײמא ביען זופּ

| | |
|---|---|
| 1 פונט לײמא בעבלעך | 1 עס־לעפעל זאַלץ |
| 3 עס־לעפעל רוקח׳ס כשר נייעפעט | 2 עס־לעפעל מעהל |
| 1 מיטעלמעסיגע ציבעלע | 2 קוואָרט וואַסער |
| | ⅛ טהעע־לעפעלע פעפער |

קאָכט די בעבלעך און ציבעלע אין וואַסער ביז בעבלעך ווערען ווייך. לאָזט עס דורך אַ זאיער. צולאָזט רוקח׳ס כשר נייעפעט; טהוט אַריין די מעהל און צוויי־דריטעל קאָפּע פון די זופּ, מישענדיג, און דאַן די איבעריגע זופּ. באַווירצט מיט זאַלץ און פעפער, דערהיצט ביז צום זידען, און סערווירט.

1 קאָפּע איבערגעזאיטע טאָמעיטאָס קען צוגעגעבען ווערען.

די זופּ קען אויך סערווירט ווערען מיט געטריקענטע טאוסט, ווי עס איז אָנגעגעבען ביי לינזען זופּ.

## אַרבעס זופּ

| | |
|---|---|
| 1 פונט ספּליט פּיעז, גוט אויסגעוואשען | 1 קליינע מעער |
| 1 קליינע סוויט פּאָטעיטאָ | 1 קליינע ציבעלע |
| | 1 עס־לעפעל זאַלץ |
| ⅛ טהעע־לעפעלע פעפער | |

קאָכט דאָס אַלעס צוזאַמען אין צוויי קוואָרט וואַסער. ווען פאַרטיג רייבט עס דורך דורך אַ זיפּעל. טהוט אריין אין טאָפּ. טהוט אריין 2 עס־לעפעל רוקח׳ס כשר נייעפעט. וואַרימט עס ווידער אויף און סערווירט מיט געטריקענטע שטיקלאַך טאוסט פאַר זופּ, ווי עס איז אָנגעגעבען ביי לינזען זופּ. באַשפריינקעלט מיט פּארסלי (פּעטרישקע), אויב איהר ווילט.

## טאָמעיטאָ זופּ

| | |
|---|---|
| 1 קען טאָמעיטאָס, דורכגעזאיט | 2 עס־לעפעל טאַפּיאָקאַ אָדער רייז |
| 2 טהעע־לעפעלעך צוקער | |
| 1 פּאינט וואַסער | 2 עס־לעפעל רוקח׳ס כשר נייעפעט |
| 1 טהעע־לעפעלע זאַלץ | |
| 1 שטיקעל ציבעלע | |

קאָכט דאָס אַלעס צוזאַמען 20 מינוט. אויב איהר ווילט קענט איהר געברויכען אַ ½ קאָפּע מילך אנשטאט וואַסער.

## וועדזשעטעיבל זופּ

½ קאָפּע סטרינג בינס, פיין צושניטען
½ קאָפּע גרינע ארבעס (גריען פּיעז)
½ קאָפּע סעלערי, צושניטען אויף שטיקלעך
2 מיטעל־מעסיגע מעערען, פיין צושניטען
½ קאָפּע ליימאָ בעבלעך, אָבגע־בריהט אז די הויט זאָל ארונ־טער
1 עס־לעפעל זאַלץ
2 עס־לעפעל רוקח'ס כשר נייעפעט
1 טאָמעיטאָ

קאָכט דאָס אין אכט גלעזער וואסער, אַ שטונדע. ווען פאַרטיג, טהוט ארויף 1 טיי־לעפעלע רוקח'ס כשר נייעפעט, אויף אַ פריי־פּאַן, וואַרימט עס אויף, טהוט אַריין 2 עס־לעפעל מעהל און מישט ביז עס ווערט ברוין. טהוט דאָס אַריין אין די זופּ און קאָכט צוויי מינוט.

# פיש־געריכטען

## פילעי אָוו האליבוט

וואַשט און טריקענט אָב די פיש. נעהמט אראָב הויט און ביינער.

קייקעלט עס אין ברויט־ברעקלעך, דאַן אין איי, דאַן ווידער אין ברויט־ברעקלעך. פּראַיט אין טיפע רוקח'ס כשר נייעפעט ביז ברוין. נייעפעט טאָר ניט זיין צו־הייס.

## סקאלאָפּר פיש

שמירט אונטער אַ באַק־כּלי מיט רוקח'ס כשר נייעפעט. טהוט אַריין אַ געדעק (לעיער) פון ברויט־ברעקלעך, דאַן אַ געדעק פון אירגענד וועלכע פאַרבליבענע קאַלטע געקאָכטע פיש וואָס איז צופעדימט גע־וואָרען נאָכ'ן באַזייטיגען ביינער און הויט. באַשפּריינקעלט מיט ברויט־ברעקלעך, פּארסלי (פּעטרישקע), זאַלץ און פעפער. לעגט אַרויף שטיקלעך נייעפעט. ווידערהאָלט דיזען פּראָצעס ביז גאָר די פיש איז אויסגענוצט. מאַכט פאָלגענדע ווייסע סאָס:

2 עס־לעפעל רוקח'ס כשר נייעפעט
1 עס־לעפעל מעהל
1 קאָפּע מילך

צולאָזט נייעפעט, טהוט אַריין מעהל און דאַן מילך און מישט און קאָכט ביז גלאַט. גיסט אַרויף די ווייסע סאָס איבער די פיש, באַשפּריינ־קעלט ברויט־ברעקלעך אויבען, לעגט אַרויף שטיקלעך נייעפעט און באַקט 30 מינוט אין מעסיגען אויווען.

# סעמאָן לאָוף

½ ביז 1 קען סעמאָן
2 אייער
1 אַלטע ראָל (זעמעל) איינגע־ווייקט אין ½ קאָפּע מילך
1 טהעע־לעפּעלע צוהאקטע פּארסלי (פּעטרישקע)
1 טהעע־לעפּעלע זאַלץ
1 טהעע־לעפּעלע לעמאָן־זאַפט
½ טהעע־לעפּעלע פּאפּריקא
⅛ טהעע־לעפּעלע בייקינג פּאודער

נעמט אַראָב די הויט און ביינער פון סעמאָן. צורייבט די פיש מיט אַ זילבערנעם גאָפּל. טהוט אַריין די אַנדערע שטאָפען. שמירט אונטער דעם פורעם מיט רוקח׳ס כשר נייעפּעט. טהוט אַריין די גע־מישעכץ און באַשפּריינקעלט מיט נייעפּעט; דעקט צו און באַקט 1 שטונדע.

# סעמאָן קראָקעטס

2 קאָפּעס קאַלטע צובלעטעלטע סעמאָן
1 טהעע־לעפּעלע לעמאָן־זאַפט
1 קאָפּע געדיכטע ווייסע סאָס
זאַלץ און פּאפּריקא
⅛ טהעע־לעפּעלע פּעפּער

געדיכטע ווייסע סאָס ווערט געמאַכט אַזוי:

צולאָזט 2 עס־לעפּעל רוקח׳ס כשר נייעפּעט, טהוט אַריין 4 עס־לעפּעל מעהל, 1 קאָפּע מילך, זאַלץ און פּעפּער. קאָכט צוזאַמען און מישט ביז גלאַט.

טהוט אַריין סאָס אין סעמאָן קראָקעטס און קיהלט אָב. פאָרמירט און טונקט איין אין איי און ברויט־ברעקלעך. פּראַיט אין רוקח׳ס כשר נייעפּעט אַרום 10 מינוט.

# געפּראַיטע פיש

רייניגט די פיש, לייגט אַריין אין אַ געשיר־האַנדטוך (דיש־טאועל) צום טרוקענען. באַשפּריינקעלט מיט זאַלץ, פּעפּער, ⅛ טהעע־לעפּעלע לעמאָן־זאַפט. טונקט איין אין מעהל, מצה־מעהל אָדער קרעקער־מעהל, און קאָכט אין פּראַי־פּאַן מיט גענוג הייסע רוקח׳ס כשר נייעפּעט עס צו פאַרהיטען פון אָנגעקלעפּט ווערען צום פּאַן.

שאָקעלט די פּאַן פון צייט צו צייט. ברוינט עס גוט אויף איין זייט, דאַן קערט איבער און ברוינט די צווייטע זייט.

# געפּראַיטע סמעלטס

צושפּאַלט 1 פונט סמעלטס. צוקלאַפּט 1 איי, און מישט צוזאַמען מיט ¼ קאָפּע מילך, 4 עס־לעפּעל מעהל, און ⅛ לעפּעלע פּאפּריקא. טונקט איין די סמעלטס אין דער געמישעכץ און פּראַיט אין טיפע רוקח׳ס כשר נייעפּעט ביז ברוין.

## קראָקעטס פון פיש

2 פונט אירגענד וועלכע געקאָכ־טע פיש, פּאָרזיכטיג אויסגע־ביינערט
⅛ טהעע־לעפעלע פאפריקא
1 שטיקעל פארסלי (פעטרישקא) צוהאַקט
1 עס־לעפעל זאַלץ
½ טהעע־לעפעלע פעפער

מישט דאָס אַלעס אַריין אין די פיש. צוקלאַפּט 1 איי, מיט אַ טיי־לעפעלע מילך און קרעקער־ברעקלעך. מאַכט די פיש אין קניידלעך און טונקט זיי אין צוקלאַפּטע איי און קרעקער־ברעקלעך. פּראַיט עס העל־ברוין אין רוקח'ס כשר נייעפעט. סערווירט מיט אירגענד וועלכע סאָוס אָדער מאַיאָנעיז.

# פליייש־געריכטען

## איבערגעבליבענע פליייש נומער 1

2 קאָפּעס קאַלטע געקאָכטע פליייש צושניטען אין קליינע שטיקלעך
1 טהעע־לעפעלע זאַלץ
½ טהעע־לעפעלע פעפער
½ ציבעלע, צוריבען
2 עס־לעפעל רוקח'ס כשר נייעפעט
3 עס־לעפעל מעהל
1½ קאָפּעס הייסע וואסער
2 קאָפּעס ברויט־ברעקלעך

מאַכט סאָס פון די נייעפעט, מעהל און געווירצען. געקענטע טאָ־מעיטאָס קענען צוגעגעבען ווערען. טהוט אַריין ⅓ קאָפּע הייסע וואסער און טהוט אַריין די איבריגע שטאָפּען ביסלעכווייז. טהוט אַריין ½ פון די ברויט־ברעקלעך אין אַ באַק־כלי. גיסט אַריין די סאָס וואָס איז אויסגעמישט געוואָרען מיט די פליייש, אין באַק־כלי. בעדעקט מיט די איבריגע ברויט־ברעקלעך און ברוינט אין אויוועז 20 מינוט.

## איבערגעבליבענע פליייש נומער 2

2 קאָפּעס געקאָכטע פליייש
¼ קאָפּע הייסע וואסער
2 עס־לעפעל קרעקער־ברעקלעך אָדער ברויט־ברעקלעך
1 טהעע־לעפעלע זאַלץ
1 קליינע ציבעלע, צוהאַקט
⅛ טהעע־לעפעלע פעפער
1 איי

צוהאַקט די פליייש פיין, באַווירצט מיט זאַלץ, פעפער און ציבעלע. מאַכט פייכט 1 קאָפּע ברויט־ברעקלעך מיט 1 אָדער 2 אייער. טהוט עס אַריין אין די פליייש, מאַכט קליינע קניידעלעך, טהוט אַריין אין אַ פלאַכע פאַן מיט 2 עס־לעפעל רוקח'ס כשר נייעפעט, און באַקט אין מעסיגען אויוועז 30 מינוט ביז עס ווערט דעליקאַט ברוין. סערווירט מיט טאָמעיטאָ סאָס.

## סוויט ברעדס

2 אייער, צוקלאפט
½ קאפע ברויט־ברעקלעך
½ טהעע־לעפעלע פאפריקא

וואשט די סוויט ברעדס זעהר פארזיכטיג און נעמט אוועק יעדע ברעקעל הויט און פעטקייט. באדעקט מיט קאלטע וואסער, באזאלצט און קאכט עס 15 מינוט. נעמט ארויס פון די זודיגע וואסער און באדעקט מיט קאלטע וואסער. לאזט די וואסער אבלויפען, און באשפריינקעלט מיט זאלץ, פעפער און פאפריקא.

קייקעלט עס אין צוקלאפטע אייער און ברויט־ברעקלעך און פראיט אין הייסע רוקח׳ס כשר נייעפעט ביז עס ווערט פיין ברוין.

## אונגארישע גולאש

2 פונט ביעף צושניטען אויף קליינע שטיקלעך
1 עס־לעפעל רוקח׳ס כשר נייעפעט
1 עס־לעפעל זאלץ
⅛ טהעע־לעפעלע רויטע פעפער
3 מעערען, צושטיקעלט
3 פאטעיטאס, צושטיקעלט

וועלגערט ביעף אין מעהל, פראיט ביז גאלד־ברוין אין רוקח׳ס כשר נייעפעט. טהוט אריין גענוג וואסער צום באדעקען, קאכט אויף לאנג־זאמען פייער 2 שטונדען און טהוט אריין די געווירצען. א האלבע שטונדע איידער די פלייש איז פארטיג טהוט אריין די פאטעיטאס און מעערען.

מאכט פאלגענדע סאס:

1 קאפע טאמעיטאס
1 שטענגעל סעלערי, צושניטען
1 לארבער־בלאט
2 גאנצע נעגעלעך

קאכט אלע שטאפען צוזאמען 25 מינוט. זאיט דורך און טהוט אריין אין די יויך אין וועלכע די פלייש איז געקאכט. מאכט געדיכטער די גרעיווי מיט 4 עס־לעפעל מעהל אויפגעלעזט אין א ביסעל וואסער.

## געפילטע העלזעל

2 עס־לעפעל מעהל
1 עס־לעפעל פארינא
2 עס־לעפעל רוקח׳ס כשר נייעפעט
¼ טהעע־לעפעלע זאלץ
1 קליינע ציבעלע, זעהר פיין צושניטען
¼ טהעע־לעפעלע פאפריקא

זיפט איבער צוזאמען די מעהל, פארינא, זאלץ און פאפריקא. רייבט אין דעם אריין רוקח׳ס כשר נייעפעט. טהוט אריין די ציבעלע. נעהט צוזאמען דעם ברייטען ברעג פון העלזעל און טהוט אריין די געפילעכץ (זייט פארזיכטיג ניט אנצופילען צו פיל). נעהט צוזאמען דעם צווייטען ברעג. גיסט ארויף זודיגע וואסער איבער די העלזעל און סקראבט אב ריין. בראט אדער קאכט מיט טשיקען.

## ווייעל קאַטלעטס (קאַלבס קאַטלעטען)

1 פונט קאַטלעטען, יעדער קאַטלעט צוקלאַפּט ביז עס ווערט ווייך. רייבט איין אַרום און אַרום מיט לעמאָן-זאַפט.

מאַכט אַ געמישעכץ פון 1 צוקלאַפּטע איי, 1 עס-לעפעל וואַסער, 4 עס-לעפעל ברויט-ברעקלעך, און ⅛ טהעע-לעפעלע פאַפּריקאַ. קייקעלט די קאַטלעטען אין דער געמישעכץ און פּרעגל אין הייסע רוקח׳ס כשר נייעפעט ביז פאַרטיג.

## ראוסט ביף

נעהמט 1 קנאָבעל, ¼ טהעע-לעפעלע פעפער, ½ טהעע-לעפעלע פאַפּריקאַ, 1 קאָפּע טאָמעיטאָס און אַ ביסעל וואַסער.

אויב די פלייש איז מאָגער טהוט אַריין 1 עס-לעפעל רוקח׳ס כשר נייעפעט.

ראָוסט 1½ שטונדע פאַר 5 פונט.

באַגיעסט מיט די אונטערשטע זאַפט יעדע 10 מינוט.

ראָוסט אין אַן אונפערדעקטען טאָפּ.

## לעם קאַטלעטען

בעשפּריינקעלט קאַטלעטען מיט מעהל, זאַלץ און פעפער. טונקט איין אין אַן איי, דאַן אין ברויט-ברעקלעך. פּרעגל אין אַ פאַן מיט 2 עס-לעפעל רוקח׳ס כשר נייעפעט פון 15 ביז 20 מינוט אָדער ביז עס איז פיין געברוינט אויף ביידע זייטען, דאַן שטעלט אַריין אין אויווען 4 ביז 5 מינוט.

## ספּאַגעטי און פלייש

צוברעכט ספּאַגעטי אויף קליינע שטיקלעך און קאָכט אין געזאַלצטע וואַסער ביז ווייך. לאָזט דורך איבערגעבליבענע פלייש דורך אַ מיהלכעל און מישט אוים מיט די ספּאַגעטי, זאַלץ, פעפער און אַ ביסעל ציבעלע-זאַפט. טהוט אַריין 1 טיי-לעפעלע רוקח׳ס כשר נייעפעט אין באַק-כלי, דאַן טהוט אַריין די פלייש און ספּאַגעטי. באַשפּריינקעלט אויבען ברויט-ברעקלעך און באַקט אין מעסיגען אויווען 40 מינוט.

## האַמבורגער סטעיק

נעהמט 1 פונט געהאַקטע פלייש. באַווירצט מיט זאַלץ און פעפער. רייבט אַריין אַ ½ ציבעלע, טוהט אַריין 1 רויע איי (צוהאַקט צוזאַמען). מאַכט דערפון קניידלעך אַרום ½ אינטש דיק. היצט אָן אַ פאַן מיט 2 עס-לעפעל רוקח׳ס כשר נייעפעט און פּרעגל גוט אויף ביידע זייטען.

## פען ראָוסט ביף

נעהמט אַ שטיק ריפּ סטעיק אָדער שאָלדער סטעיק, אַרום 2½ פונט.

טהוט אַריין אין אַ קליינע פראַי-פּאַן 1 עס-לעפעל רוקח'ס כשר נייעפעט. די פאַן דאַרף זיין זעהר הייס.

לאָזט די פלייש ווערען ברוין אויף אַלע זייטען, עס איבערקעהרענ-דיג נאָכאנאנד ביז אַלע זייטען זיינען פאַרטיג, וואָס דאַרף דויערן אַרום 30 מינוט.

נעהמט אַרויס די פלייש פון פאַן און טהוט עס אַרויף אויף אַ הייסן טעלער.

ברוינט עטליכע ציבעלעס אין רוקח'ס כשר נייעפעט און סערווירט מיט די פלייש.

## ביף מיט קרויט

צופעדעמט 1 קעפעל קרויט. צוהאַקט פיין 1 קליינע ציבעלע. ברוינט ביידע זאַכען אין אַ פאַן מיט 2 עס-לעפעל רוקח'ס כשר נייעפעט. באַווירצט מיט זאַלץ און פעפער. געברויכט 2 אָדער 3 פונט ביף. באַדעקט מיט וואַסער און לאָזט קאָכען. דאַן טהוט אַריין די געברוינטע קרויט און ציבעלע און לאָזט עס לאַנגזאַם קאָכען ביז עס ווערט ווייך. טהוט אַריין 2 עס-לעפעל לעמאָן-זאַפט און 2 עס-לעפעל רוקח'ס פיור בינען האָניג עס צו מאַכען זיס און זויער.

אויב עס איז צו וואַסערדיג מאַכט עס געדיכטער מיט אַ בעשפריינ-קלונג פון מעהל און לאָזט עס קאָכען ביז עס ווערט גלאַט.

## זיס און זויערע פאָט ראָוסט (ראָסעל פלייש)

| | |
|---|---|
| 3½ פונט ביף | 2 עס-לעפעל רוקח'ס כשר נייעפעט |
| זאַלץ און פעפער | ½ קאָפּע רוקח'ס פיור בינען האָניג |
| 6 מיטעלע ציבעלעס (קענען אויסגעלאָזט ווערען) | 1 קוואָרטיגע קען טאָמעיטאָס |

פראַיט די ציבעלע, צושניטען אין קליינע שטיקלעך, ביז גאָלד-ברוין און שטעלט עס אַוועק אָן אַ זייט.

בעזאַלצט און בעפעפערט די פלייש, ברוינט עס אויף אַלע זייטען אין רוקח'ס כשר נייעפעט, דעקט גוט צו דעם טאָפּ און לאָזט עס קאָכען לאַנגזאַם 1½ שטונדע אָדער ביז עס איז כמעט ווייך.

טהוט אַריין הייסע וואַסער נאָר אויב עס איז נויטיג.

טהוט אַריין די געפראַיטע ציבעלעס. טאָמעיטאָס, האָניג, און לעמאָן-זאַפט אויב עס איז ניט גענוג זויער. ענדיגט קאָכען אין אויווען ביז די גרעיווי איז געדיכט און די פלייש גוט-ברוין. טהוט אַריין 2 סוויט פּאָטעיטאָס פיין צושניטען, 15 אָדער 20 מינוט איידער די פלייש איז פאַרטיק.

## געפּילטע ביעף סטעיק

1½ פונט טענדערלאָין סטעיק
4 מוציא'ס ראַי־ברויט
1 מיטעלמעסיגע ציבעלע
½ טהעע־לעפעלע זאַלץ
⅛ טהעע־לעפעלע נאַטמעג (מוסקאַט נוס)
1 עס־לעפעל פארינא
⅛ טהעע־לעפעלע פּאַפּריקאַ
1 עס־לעפעל צוהאַקטע גרינע פּאַרסלי (פּעטרישקע)
4 עס־לעפעל רוקח'ס כשר נייעפעט

צושניידט דעם סטעיק אין סקווערע שטיקלעך, באַשפּריינקעלט מיט לעמאָן־זאַפט און אַ ביסעלע פעפער. צוקלאַפּט מיט אַ הילצערנעם קלאַ־פּער ביז עס ווערט דין.

ווייקט איין די ברויט אין קאַלטע וואַסער, קוועטשט עס גרינדליך אויס, און טהוט אַריין אין אַ שיסעל מיט אַלע אַנדערע שטאָפען. מישט צוזאַמען און פילט אָן יעדע שטיקעל פלייש מיט דער געמישעכץ. לייגט צוזאַמען יעדע שטיקעל פלייש און שטעקט אריין 3 טוט־פיקס עס זאָל זיך צוזאַמענהאַלטען.

צושניידט צוויי מיטעלמעסיגע ציבעלעס אין אַ פלאַכע פּאַן. טהוט אַריין 3 עס־לעפעל רוקח'ס כשר נייעפעט, 1 טאָמעיטאָ, 1 טיי־לעפעלע פּאַפּריקאַ. לייגט אויס די אָנגעפּילטע שטיקלעך פלייש אין טאָפּ, באַ־שפּריינקעלט מיט ⅛ טיי־לעפעלע צוקער, גיסט אַריין ½ קאָפּע געקאָכטע וואַסער, און לאָזט דעמפּפען 1¼ שטונדע איבער לאַנגזאַמען פייער.

## ביעף לאָוף (געהאַקטע פלייש)

2 פונט פלייש, גוט צומאָלען
2 אייער
¼ קאָפּע וואַסער
2 עס־לעפעל צוהאַקטע פּאַרסלי (פּעטרישקע)
3 עס־לעפעל רוקח'ס כשר נייעפעט
2 אַלטע ראָלס (זעמעל), גוט צואווייקט אין וואַסער
2 טהעע־לעפעלעך לעמאָן־זאַפט
¼ טהעע־לעפעלע פעפער
½ טהעע־לעפעלע פּאַפּריקאַ
⅛ טהעע־לעפעלע בייקינג פּאַודער

מישט דאָס צוזאַמען און האַקט גוט איין. רייבט אַריין 1 מיטעל־מעסיגע ציבעלע.

טהוט אַריין אין פּאַן ½ קאָפּע צולאָזטע רוקח'ס כשר נייעפעט. גיסט אַריין ½ קאָפּע קאָכעדיגע וואַסער. מאַכט די פלייש אין צוויי באַזונדערע טיילען צו באַדעקען די ליינג פון פריי־פּאַן. באַשמירט די טיילען פון אויבען מיט געלכעל פון 1 איי. באַשיט מיט ברויט־ברעקלעך און רויטען פעפער. באַקט 25 מינוט אין הייסען אויוועז.

## געפילטע פעפערלעך מיט פלייש, נומער 1

געפילעכץ:

1 ציבעלע פיין־צושניטענע
1 קאָפּע קאַלטע געקאָכטע טשי־קען אָדער וויעל (קאַלבפלייש)
1 עס־לעפעל רוקח׳ס כשר נייעפעט
3 גרינע פעפערלעך
¼ קאָפּע צושניטענע מאַשרומס (שוועמלעך)
½ קאָפּע וואַסער
2 עס־לעפעל ברויט־ברעקלעך

ברוינט ציבעלע אין נייעפעט: טהוט אַריין טשיקען אָדער וויעל, מאַשרומס, וואַסער און ברויט־ברעקלעך. קאָכט אַלעס צוזאַמען אַרום 5 מינוט.

שניידט אָב דעם וואָרצל־ברעג פון יעדען פעפערל, באַזייטיגט די קערנער, און קאָכט 10 מינוט. קיהלט אָב. באַשפּריינקעלט די אינ־וועניגס פון פעפערלעך מיט זאַלץ און רויטע פעפער. פילט אָן מיט געפילעכץ, באַדעקט מיט ברויט־ברעקלעך, באַשפּריינקעלט מיט נייעפעט און באַקט אין וואַרימען אויוועז 10 מינוט אָדער ביז די אויבענס פון פעפערלעך זיינען ברוין.

## געפילטע פעפערלעך מיט פלייש, נומער 2

אַ ווײַלע געקאָכטע 6 זיסע גרינע פעפערלעך (שניידט אָב וואָרצל־ברעגעס און באַזייטיגט קערנער).

1 פונט געהאַקטע פלייש
½ ראָל, אָדער אַ מוציא ווייסע ברויט, צווייקט אין וואַסער
1 איי
1 צוריבענע ציבעלע
½ טהעע־לעפעלע זאַלץ
2 טהעע־לעפעלעך לעמאָן־זאַפט
⅛ טהעע־לעפעלע פּאַפּריקאַ
⅛ טהעע־לעפעלע פעפער

מישט צוזאַמען אַלע שטאָפען. טהוט אַריין די געמישעכץ אין די פעפערלעך אָבער פּאַקט זיי ניט אָן צו פול.

צולאָזט 1 עס־לעפעל רוקח׳ס כשר נייעפעט אין אַ סאָס־פּאַן, טהוט אַריין 3 צושניטענע טאָמעיטאָס אָדער 1 קאָפּע געקענטע טאָמעיטאָס, דאַן די געפילטע פעפערלעך, און טהוט אַריין אַ ½ קאָפּע וואַסער. לאָזט דעמפען ½ אָדער ¾ שטונדע.

מאַכט די גרעיווי געדיכטער מיט אַ ½ עס־לעפעל מעהל, 2 עס־לעפעל ברוינע צוקער, און ½ עס־לעפעל רוקח׳ס כשר נייעפעט.

## פלוימען פלייש צימעס

1 פונט פלוימען
1 פונט ברוסט־פלייש, צושניטען
6 מיטעלע סוויט פּאַטעיטאָס, צושטיקעלט
½ לעמאָן
1 טהעע־לעפעלע זאַלץ
½ קאָפּע רוקח׳ס פיור בינען האָניג
⅛ טהעע־לעפעלע פעפער

וואַשט איבער די פלוימען און טהוט עס אַריין אין טאָפּ מיט די פלייש. טהוט אַריין זאַלץ און פעפער. קאָכט לאַנגזאַם ביז די פלייש איז כמעט פאַרטיג. טהוט אַריין די שטיקלעך סוויט פּאַטעיטאָ. טהוט אַריין האָניג און לעמאָן (צושניטען). פאַרדעקט און שטעלט אַריין אין אויוועַן ביז די פּאַטעיטאָס זיינען ווייך און ברוין. גיט־צו הייסע וואַסער אויב עס איז צו־טרוקען. סערווירט הייס.

## געדעמפּפטע צונג (סמאָדערד טאָנג)

1 טהעע־לעפעלע זאַלץ
½ טהעע־לעפעלע פעפער
1 מיטעלמעסיגע ציבעלע
1 טהעע־לעפעלע פאַפריקאַ
½ טהעע־לעפעלע לעמאָן־זאַפט

בריהט אָב די צונג און שיילט אָב די הויט. טהוט אַריין זאַלץ, פעפער, פאַפריקאַ און לעמאָן־זאַפט. צושניידט איבער דעם די ציבעלע. לאָזט שטעהן איבער נאַכט.

טהוט אַריין 1 עס־לעפעל רוקח׳ס כשר נייעפעט אין אַן אייזערנעם טאָפּ, דאַן די צונג, מיט וויפיל זאַפט די געווירצען האָבען אַרויסגעצויגען. דעקט עס שטייף צו און לאָזט עס לאַנגזאַם קאָכען ביז עס ווערט ווייך, אַרום 3 שטונדען. סערווירט מיט פּאַטעיטאָ לאַטקעס אָדער קראָקעטס.

## קראָקעטס פון קאַלבס געהירן

1 טהעע־לעפעלע זאַלץ
¼ טהעע־לעפעלע מוסקאַט־נוס (נאָטמעג)
1 איי, צוקלאַפּט
½ קאָפּע ברויט־ברעקלעך (אונגעפער)
½ טהעע־לעפעלע רויטע פעפער

צוקלאַפּט אָדער צורייבט די געהירן מיט אַ הילצערנע לעפעל ביז עס ווערט אַ גלאַטער פּעיסט. באַווירצט מיט זאַלץ, רויטע פעפער און מוסקאַט־נוס. טהוט אַריין צוקלאַפּטע איי און ברויט־ברעקלעך.

וואַרימט־אויף רוקח׳ס כשר נייעפעט אין אַ פראַי־פאַן און וואַרפט אין דעם אַריין גרויסע עס־לעפעל פון דער געמישעכץ. פראַיט ביז עס איז גוט פאַרטיג.

# ראוסט טשיקען

פאַר אַ 4 פונטיגע ווייכע טשיקען נעהמט:

1 גרויסע ציבעלע אָדער 1 קנאָ־בעל
¼ טהעע־לעפעלע פעפער
½ טהעע־לעפעלע פאַפריקא
1 קאָפּע קענד טאָמעיטאָס
½ קאָפּע וואַסער
1 עס־לעפעל רוקח'ס כשר נייעפעט
1 עס־לעפעל זאַלץ

מישט אויס צוזאַמען אַלע שטאָפען.

טהוט אַלעס אַריין אין אונפאַרדעקטע פאַן און ראָוסט 1½ שטונדע.

בעגיסט מיט די גרעיווי יעדע 20 מינוט.

# געפּראַיטע ספּרינג טשיקען

1½ פונט ספּרינג טשיקען
¼ קאָפּע רוקח'ס כשר נייעפעט
זאַלץ און פעפער לויט געשמאַק
⅛ טהעע־לעפעלע מעהל
אַ ביסעל דזשינדזשער

באַווירצט די טשיקען מיט זאַלץ, פעפער און דזשינדזשער. טונקט איין אין צוקלאַפּטע איי, מעהל, און פּראַיט אין גענוג הייסע רוקח'ס כשר נייעפעט ביז ווייך.

ברוינט עס, זייט פאָרזיכטיג עס זאָל ניט צוגעברענט ווערען.

# טשיקען מיט רייז

צושניידט אַ 3½ פונטיגע פעטע טשיקען אין שטיקער צום סערווירען.

באַזאַלצט עס און לאָזט עס שטעהן עטליכע שטונדען.

וואַרימט אויף אַ ¼ קאָפּע רוקח'ס כשר נייעפעט אין אַ טעפּעל. טהוט אַריין אַ מיטעלמעסיגע ציבעלע, צוריבען. פּראַיט ביז גאָלד־ברוין און שטעלט אוועק אָן אַ זייט.

פּראַיט די טשיקען אין רוקח'ס כשר נייעפעט און ווען עס איז פיין געברוינט טהוט אַריין פאַפּריקא לויט געשמאַק, און קאָכעדיגע וואַסער צו באַדעקען, און קאָכט לאַנגזאַם 1 שטונדע.

ווייקט 1 קאָפּע רייז אין קאַלטע וואַסער; לאָזט וואַסער אָבלויפען; טהוט אַריין די געפּראַיטע ציבעלע און 1 טהעע־לעפעלע זאַלץ.

טהוט ביסלעכווייז אַריין 3 קאָפּעס טשיקען זופּ, מעהר אויב נויטיג. ווען כמעט פאַרטיג טהוט אַריין די טשיקען און ענדיגט קאָכען אין אַ לאַנגזאַמען אויווען אַ ½ שטונדע.

# וועדזשעטעיבל געריכטען

## קאַליפלאַוער פריטערס

קאָכט קאַלטע קאָליפלאָוער. זאַלצט און פעפערט לויט געשמאַק און טונקט איין אין טייג (זעהט פאָרשריפטען פאַר פריטער טייג). פראַיט אין טיפע רוקח׳ס כשר נייעפעט און ציהט אָב אויף ברוינע פאַפיר.

## ספינאַטש אָמלעט (ספינאַטש פיינקוכען)

| | |
|---|---|
| 1 פונט ספינאַטש | ½ קאָפּע מילך |
| 1 אלטע ראָל (זעמעל) | 6 אייער |
| ½ טהעע־לעפעלע זאַלץ | |

וואַשט גוט אויס די ספינאַטש, לאָזט עס קאָכען 20 מינוט אָהן וואַסער און דערנאָך זאַיט עס גוט דורך. ווייקט איין די ראָל אין מילך, צוהאַקט די ספינאַטש צוזאַמען מיט די ראָל, און שיט אַריין זאַלץ. צוקלאַפּט גוט די אייער מיט אַן עג־ביטעטער. שמירט אָן אַ פריי־פאַן מיט רוקח׳ס כשר נייעפעט, גיסט אַרויף אַ העלפט פון די צוקלאַפּטע אייער, לייגט אַרויף די צוהאַקטע ספינאַטש, צושפרייט איבערן פאַן. גיסט אַרויף די אַנדערע העלפט פון די אייער. באַשפריינקעלט רוקח׳ס כשר נייעפעט פון אויבען, און באַפּוצט מיט פאַפּריקאַ. באַקט אויף לאַנגזאַמען פייער 25 מינוט.

## פרענטש פראַיד ציבעלעס

שיילט אָב 2 שפּאַנישע ציבעלעס, צושניידט אין דיקע פּאַסען, און צונעמט די פּאַסען אין איינציגע רינגען.

לאָזט אויפקאָכען ¾ קאָפּע רוקח׳ס כשר נייעפעט אין אַ טאָפּ און וואַרפט אַריין די ציבעלעס. לאָזט פּרעגלען צוויי מינוט אָדער ביז ברוין. נעמט זיי אַרויס פון די נייעפעט מיט אַ זאַיער־לעפעל, לייגט זיי אַרויף אויף גלעזיז־פאַפיר, באַשפריינקעלט מיט זאַלץ און פעפער און סערווירט גלייך.

די איבערגעבליבענע רוקח׳ס כשר נייעפעט קען באַנוצט ווערען צום פראַיען אַנדערע זאַכען.

## עג פּלענט קראָקעטס

שיילט אָב די עג פּלענט, טהוט אַריין אין הייסע וואַסער און קאָכט ביז ווייך. ציהט אָב; טהוט אַריין 2 אייער, 2 עס־לעפעל ווייסע מעהל, זאַלץ און פעפער לויט געשמאַק. צוקלאַפּט צוזאַמען.

וואַרפט אַריין עס־לעפעלווייז אין רוקח׳ס כשר נייעפעט און פראַיט אויףביידע זייטען.

## פּאָטעיטאָ קראַקעטס

אַרבייט אַריין אין 2 קאָפּעס צוריבענע פּאָטעיטאָס 1 עס־לעפעל רוקח'ס כשר נייעפעט ביז עס ווערט גלאַט און ווייך. טהוט אַריין 1 איי, גוט צוקלאַפּט. צוקלאַפּט אַלעס צוזאַמען מיט אַ הילצערנע לעפעל. באַווירצט מיט זאַלץ און נאַטמעג (מוסקאַט־נוס). קייקעלט יעדען קראָקעט אין אַ צוקלאַפּטע איי, דאַן אין ברויט־ברעקלעך. פּראַיט אין טיפע רוקח'ס כשר נייעפעט ביז ברוין.

## פּאָטעיטאָ קוגעל

שיילט אָב און צורייבט 6 גרויסע פּאָטעיטאָס און 1 ציבעלע. טהוט אַריין 1 עס־לעפעל רוקח'ס כשר נייעפעט, 2 אייער, ⅛ טהעע־לעפעלע פעפער, 1 עס־לעפעל זאַלץ, 1 עס־לעפעל מצה־מעהל. מישט גוט אויס.

צולאָזט 2 עס־לעפעל רוקח'ס כשר נייעפעט אין פּודינג־כלי; טהוט אַריין די געמישעכץ און באַקט אין מעסיגען אויווען ביז פאַרברוינט (אַרום 45 מינוט). סערווירט הייס.

## פּאָטעיטאָ לאַטקעס

געברויכט די זעלבע געמישעכץ ווי פאַר פּאָטעיטאָ קוגעל (זעהט אונזער פאַרשריפט) און לאָזט אַ טייל פון די וואַסער אָבציהען. דער־היצט 3 עס־לעפעל רוקח'ס כשר נייעפעט אין פראַי־פאַן; וואַרפט אַריין די געמישעכץ פון עס־לעפעל אין די הייסע נייעפעט; פראַיט ביז גאָלד־ברוין אויף ביידע זייטען.

## פרענטש וועדזשעטעיבל ראָוסט

1 פונט סטרינג ביענס
2 אַלטע ראָלס (זעמעל)
1 טהעע־לעפעלע זאַלץ
½ פונט וואָלנאָטס (וועלשענע נים)
4 אייער־ווייסלעך
2 געקאָכטע פּאָטעיטאָס
2 עס־לעפעל רוקח'ס כשר נייעפעט
⅛ טהעע־לעפעלע פּאַפּריקאַ
⅛ טהעע־לעפעלע נאָטמעג (מוסקאַט נוס)
⅛ טהעע־לעפעלע פעפער

וואַשט גוט אויס די סטרינג ביענס און צומאַלט זיי צוזאַמען מיט די נים. ווייקט איין די זעמעל אין וואַסער און קוועטשט זיי גוט אויס. טהוט אַריין די געקאָכטע פּאָטעיטאָס, פעפער, זאַלץ, פּאַפּריקאַ, און האַקט עס גוט איין. צוקלאַפּט שטייף די ווייסלעך און שניידט אַריין.

שמירט אונטער פריי־פאַן מיט רוקח'ס כשר נייעפעט. לייגט אַלעס אַריין אין פאַן. באַשפּריינקעלט מיט ברויט־ברעקלעך און פּאַפּריקאַ, און טהוט ליבעראַל אַרויף שטיקלעך רוקח'ס כשר נייעפעט פון אויבען. באַקט אַ האַלבע שטונדע אין מעסיגען אויווען.

## פּאַטעיטאָ סאַלאַד

מישט צוזאַמען:

1 קוואָרט צושניטענע קאַלטע געקאָכטע פּאָטעיטאָס
1 מיטעלע ציבעלע, צוהאַקט זעהר פיין
1 עס־לעפעל צוהאַקטע פּאַרסלי
2 עס־לעפעל רוקח׳ס כשר אויל
1 טהעע־לעפעלע זאַלץ
½ טהעע־לעפעלע פעפער
⅛ טהעע־לעפעלע פּאַפּריקא
2 עס־לעפעל ווינעגאַר (עסיג)

סערווירט קאַלט אויף לעטוס.

## פּאָטעיטאָ קעיקס

שיילט אָב און קאָכט אַ קוואָרט פּאָטעיטאָס. צורייבט, באַווירצט מיט זאַלץ, פעפער און פּאַפּריקא. טהוט אַריין 1 עס־לעפעל צולאָזטע רוקח׳ס כשר נייעפּעט. מישט אַלעס צוזאַמען. נעהמט צו עס־לעפעל און קייקעלט עס אין מעהל. טונקט איין אין איי. דאַן אין מעהל און פּראַיט אין טיפע הייסע רוקח׳ס כשר נייעפּעט. אָדער טהוט אַריין אין מאַפין־פענדלעך אונטערגעשמירט מיט רוקח׳ס כשר נייעפּעט, באַשפּריינקעלט מיט נייעפּעט און באַקט אין אויוועןבּיז ברוין.

## געצוקערטע (קענדיד) סוויט פּאָטעיטאָס

¼ קאָפּע רוקח׳ס כשר נייעפּעט
¼ קאָפּע זודיגע וואַסער
½ קאָפּע רוקח׳ס פיור בינען האָניג
4 גרויסע סוויט פּאָטעיטאָס

וואַשט, שיילט אָב און קאָכט אַ ווײַלע די סוויט פּאָטעיטאָס. ציהט אָב די וואַסער און צושניידט די פּאָטעיטאָס אין לייַנגליכע פּאַסען אַרום ½ אינטש דיק. טהוט אַריין אין באַק־כלי. מישט צוזאַמען נייעפּעט, האָניג און וואַסער, און פּאַרשפּרייט איבער די סוויט פּאָטעיטאָס.

באַקט ביז די סוויט פּאָטעיטאָס זיינען ווייך, אַריבערגיסענדיג אָפט מיט די סיראָפּ פון דער פּאַן.

## גרינע אַרבעס מיט מעערען

1 קאָפּע גרינע אַרבעס
3 מיטעלמעסיגע מעערען
½ קאָפּע וואַסער
1 טהעע־לעפעלע זאַלץ
1 טהעע־לעפעלע צוקער

צושניידט מעערען אויף קליינע שטיקלעך, דעמפּפט צוזאַמען מיט די אַרבעס, זאַלץ און צוקער. איידער עס ווערט פאַרטיג, צורייבט צוזאַמען 1 עס־לעפעל מעהל און 1 עס־לעפעל רוקח׳ס כשר נייעפּעט, טהוט אַריין אין די מעערען געמישעכץ, און לאָזט דאָס אַלעס דעמפּפען. סערווירט דאָס באַשאָטען מיט אַ ביסעל דין־צוהאַקטע פּאַרסלי (פּעטרישקע).

# מעערען-צימעס

1 קאָפּע רוקח'ס פּיור בינען האָניג
1 קאָפּע וואסער
2 קאָפּעס מעערען (צושניטען אין פיער־עקיגע שטיקלעך)
2 עס־לעפעל רוקח'ס כשר נייעפעט

מאַכט אַ סיראָפּ פון די האָניג און וואַסער דורך קאָכען 12 מינוט; טהוט אַריין די מעערען און נייעפעט. קאָכט אַלעס צוזאַמען ביז די מעערען זיינען ווייך. ברוינט עס אין אויווען און סערווירט הייס. סוויט פּאָטעיטאָס, פיין־צושניטען, קענען צוגעגעבען ווערען פאַר'ן אַריינ־שטעלען אין אויווען.

# גרינע אַרבעס און רייז

1 קען ארבעס
1 קאָפּע רייז
½ טהעע־לעפעלע זאַלץ
1 קוואָרט געקאָכטע וואסער
¼ קאָפּע רוקח'ס כשר נייעפעט
¼ קאָפּע רוקח'ס פּיור בינען האָניג

גיסט אָב די פליסיגקייט פון די אַרבעס און שווענקט איבער מיט קאַלטע וואסער. דערהיצט די נייעפעט אין אַ פּראַי־פּאַן. טהוט אַריין די רייז און לאָזט לאַנגזאַם קאָכען מישענדיג נאָכאנאנד ביז די רייז איז גאָלד־ברוין. טהוט אַריין זודיגע וואַסער, דאַן די אָבגעזאיטע אַרבעס און אַנדערע שטאָפען. טהוט אַריין אין אַ פודינג־כלי אונטערגעשמירט מיט נייעפעט, שטעלט אַריין אין אויווען און באַקט ביז די רייז איז ווייך. סערווירט הייס.

# געבאַקטע בעבלעך

1 קוואָרט בעבלעך געווייקט איבער נאכט
1 עס־לעפעל מאָסטארד (זענעפט)
1 עס־לעפעל זאַלץ
3 עס־לעפעל רוקח'ס פּיור בינען האָניג
1 עס־לעפעל ברוינע צוקער
1 ציבעלע
½ קאָפּע רוקח'ס כשר נייעפעט

שמירט גוט אונטער אַ פאַן מיט נייעפעט און באַקט עטליכע שטונדען אָדער ביז בעבלעך זיינען ווייך.

# קאליפלאוער מיט חלה-ברעקלעך

1 מיטעלמעסיגע אָבגעקאָכטע קאליפלאוער
⅛ עס־לעפעל רוקח'ב כשר נייעפעט
⅛ טהעע־לעפעלע פעפער
אַ ביסעל צוריבענע נאָטמעג (מוסקאט נוס)
½ קאָפּע צוריבענע חלה־ברעק־לעך
⅛ טהעע־לעפעלע זאַלץ

לאָזט רוקח'ס כשר נייעפעט אַ ביסעל אָנגעהיצט ווערען אין אַ פראַי־פּאַן. טהוט אַריין די אָנגעריבענע חלה, פעפער, זאַלץ, נאָטמעג, און לאָזט עס ווערען ברוין. באַגיסט עס הייס אויף די קאַליפלאוער.

# סאלאד דרעסינגס

## פרענטש דרעסינג נומער 1

1 עס לעפעל ווינעגאר (עסיג)
3 עס-לעפעל רוקח'ס כשר אויל

¼ טהעע-לעפעלע ציבעלע-זאפט
⅛ טהעע-לעפעלע פעפער
¼ טהעע-לעפעלע זאלץ

צוקלאַפּט זיי אַלע צוזאַמען און האַלט עס קאַלט. דאָס קען שטעהן אַ לאַנגע צייט.

## פרענטש דרעסינג נומער 2

½ טהעע-לעפעלע זאלץ
¼ טהעע-לעפעלע פעפער
2 עס-לעפעל ווינעגאר (עסיג)

4 עס-לעפעל רוקח'ס כשר אויל

טוהט אַריין אַלע שטאָפען אין אַ דזשאַר און צושאָקעלט גוט. טהוט אַריין עטליכע טראָפּענס לעמאָן-זאַפט. — צוקער און פאפריקא קענען צוגעגעבען ווערען אויב מען וויל; אויך אַ ביסעל צוריבענע ציבעלע-זאַפט פאַר אַ ספּעציעלען פלעיוואָר.

## ספּעציעלע פרוכט סאַלאַד דרעסינג

1 עס-לעפעל רוקח'ס פיור בינען האָניג
1 טהעע-לעפעלע רוקח'ס כשר אויל

1½ טהעע-לעפעלע לעמאָן-זאפט
1 טהעע-לעפעלע הייסע וואסער
פאפריקא לויט געשמאק

מישט אוים רוקח'ס פיור בינען האָניג מיט די וואַסער, דאַן טוהט אַריין די לעמאָן-זאַפט און פאַפּריקא. מישט מיט אַן אייער-צוקלאַפּער (עג ביעטער), טהוט אַריין די אויל און צוקלאַפּט ווייטער ביז גלאַט.

## מאיאנעיז דרעסינג

2 אייער
1 טהעע-לעפעלע זאַלץ
⅛ טהעע-לעפעלע טרוקענע זענעפט (מאסטארד)

½ טהעע-לעפעלע צוקער
1 פאינט רוקח'ס כשר אויל (אָדער עטוואָס מעהר)
3 עס-לעפעל ווינעגאַר (עסיג)

צוקלאַפּט די אייער זעהר גוט. טוהט אַריין רוקח'ס כשר אויל לאַנגזאַם און צו לעצט טוהט אַריין די זענעפט, ווינעגאַר, זאַלץ און צוקער.

# צו זיכערן דעם ערפאָלג פון אייערע געבעקס, אייערע געפּראיטע שפּייזען, און אייערע סאלאדס, געברויכט רוקח׳ס כשר אויל אין אלע פאָרשריפטען וואָס פאָדערן סאלאד אויל

זינט איבער 40 יאָהר איז רוקח׳ס כשר אויל דער סטאנדארד פון קוואליטעט אין אידישע היימען אין אַמעריקא. קיין פיינערע אויל קענט איהר ניט קריגען. פאַרוואָס זאָלט איהר ניט געברויכען די בעסטע אין אייערע פאָרשריפטען?

רוקח׳ס כשר אויל ווערט פאַרקויפט אין באָטעלס און אין קענס.

אויף פסח ווערט רוקח׳ס כשר אויל פאַרקויפט אין אַ ספּעציעלען פּאַינט „דזשאָג“ מיט׳ן לעיבל „כשר לפסח“.

## רוקח׳ס* כשר אויל

*TRADE MARK REG. U.S. PAT. OFF

אין באַטעלס און אין קענס

ROKEACH KOSHER OIL

צו באַקומען אין אלע גראָסערים.
היט זיך פאַר נאָכגעמאַכטע!

## רוסישע דרעסינג

מישט צוזאַמען 2 עס־לעפעל טשילי סאָס און ½ קאָפּע מאַיאָנעיז. (זעהט אונזער פאָרשריפט (רעסיפּי) פאַר מאַיאָנעיז).

## האָניג דרעסינג

מישט צוזאַמען 2 עס־לעפעל רוקח'ס פּיור בינען האָניג מיט 1 קאָפּע מאַיאָנעיז (זעהט אונזער פאָרשריפט (רעסיפּי) פאַר מאַיאָנעיז).

## ספּעציעלע דרעסינג

1 געלכעל פון א הארט־געקאָכטע איי
1 טהעע־לעפעלע ווינעגאַר (עסיג)
1 טהעע־לעפעלע טשילי סאָס
1 קאָפּע מאַיאָנעיז (זעהט אונזער פאָרשריפט (רעסיפּי) פאַר מאַיאָנעיז)

מישט זיי צוזאַמען ביז עס ווערט גלאַט.

## האָניג פרענטש דרעסינג

6 עס־לעפעל רוקח'ס כשר אויל
2 עס־לעפעל לעמאָן־זאַפט
½ טהעע־לעפעלע זאַלץ
¼ טהעע־לעפעלע פּאַפּריקא
1 עס־לעפעל רוקח'ס פּיור בינען האָניג

קאָמבינירט אַלע שטאָפען און מישט גוט אויס. סערווירט אויף אירגענד וועלכען גרינס אָדער פרוכט סאַלאַד.

## גרעיפּ־דזשוס פרענטש דרעסינג

6 עס־לעפעל רוקח'ס כשר אויל
2 עס־לעפעל לעמאָן־זאַפט
½ טהעע־לעפעלע זאַלץ
¼ טהעע־לעפעלע פּעפּער
1½ עס־לעפעל גרעיפּ־דזשוס

קאָמבינירט אַלע שטאָפען און מישט גוט אויס. סערווירט מיט אירגענד וועלכען פרוכט סאַלאַד.

# פודינגס (קוגלען) און נאכשפייזען

## עפּעל און האָניג פּודינג

4 קאָפּעס עפּעל, צושניטען אויף קליינע שטיקלעך
½ קאָפּע הייסע וואסער
2 טהעע־לעפּעלעך צימרינג
2 טהעע־לעפּעלעך רוקח׳ס כשר נייעפּעט
½ קאָפּע רוקח׳ס פּיור בינען האָניג
2 קאָפּעס ברויט־ברעקלעך

לייגט אַ רייה פון עפּעל אין אַ גוט־אונטערגעשמירטע פּודינג־כלי, דאַן אַ רייה פון ברעקלעך. מישט אוים די האָניג אין הייסע וואַסער. גיסט אַריבער אַ טייל דערפון אויף די ברעקלעך. באַשפּריינקעלט מיט צימרינג און טהוט אַרויף קליינע שטיקלעך רוקח׳ס כשר נייעפּעט. פילט אָן די כלי מיט אַ רייה איבער אַ רייה פון עפּעל, ברויט־ברעקלעך און האָניג, אויבען זאָל אויסקומען אַ רייה פון ברעקלעך. דעקט צו און באַקט 45 מינוט.

## לאָקשען־קוגעל

1 באקס ברייטע לאָקשען, גע־קאָכט ביז ווייך. וואשט איבער אין קאַלטע וואסער און ציהט אָב.
3 אייער (געלכלעך און ווייסלעך באזונדער)
2 עס־לעפּעל צולאָזטע רוקח׳ס כשר נייעפּעט
1 קאָפּע ברויט־ברעקלעך

מישט אוים אין אָנגעגעבענער אָרדנונג. שניידט אַריין צוקלאַפּטע ווייסלעך צולעצט. באַקט אַ ½ שטונדע אין אַ פאַן וואָס איז אונטער־געשמירט מיט נייעפּעט, אין אַ מעסיגען אויווען.

## טשאָקאָלאַט פּודינג

2 קאָפּעס מילך
1 באקס רוקח׳ס טשאָקאָלאַט דעזוירט

מישט אוים די גאַנצע רוקח טשאָקאָלאַט דעזוירט פון איין פּעקעדזש מיט אַ האַלבע קאָפּע מילך. בריהט־אויף די איבריגע מילך און גיסט אַריין אין דער געמישעכץ. קאָכט אין דאָבל־באָילער און מישט נאָכאַנאַנד ביז די וואַסער האָט געזאָטען פינף מינוט. גיסט אַריין אין פורעמס און לאָזט שטעהן אין קיהלען פּלאַץ. סערווירט מיט אָדער אָהן וואיפּד קרים.
וויכטיג — מישט ווערענד עס קאָכט.

## קאַקאָ ברויט פודינג

1 לעבעל ווייסע ברויט
1 קוואָרט מילך
½ קאַפּע צוקער
¼ קאַפּע צולאָזטע רוקח׳ס כשר נייעפעט
2 אייער
4 עס־לעפעל רוקח׳ס פיור קאַקאָ
½ טהעע־לעפעלע זאַלץ
1 טהעע־לעפעלע וואַנילא
1 טהעע־לעפעלע צימרינג

בריהט אויף די מילך און גיסט אַרויף אויף די ברויט. לאָזט עס ווייקען ביז אָבגעקיהלט. דאַן טהוט אַריין די צוקער, צולאָזטע נייעפעטס, די אייער, זאַלץ, צימרינג, קאַקאָ, און צולעצט די וואַנילא.

באַקט אין פודינג־כלי אונטערגעשמירט מיט נייעפעט אין מעסיגען אויוועז 1 שטונדע.

## קאַטעדזש פודינג

1 קאַפּע מעהל
½ קאַפּע צוקער
⅛ טהעע־לעפעלע זאַלץ
2 טהעע־לעפעלעך בייקינג פאודער
½ קאַפּע מילך
1 איי
2 עס־לעפעל צולאָזטע רוקח׳ס כשר נייעפעט

זיפּט איבער צוזאַמען די מעהל, צוקער, זאַלץ און בייקינג פאודער. טהוט אַריין די מילך, צוקלאַפּטע איי און נייעפעט, און צוקלאַפּט גוט. באַקט אין פלאַכע פאַן אונטערגעשמירט מיט נייעפעט אין הייסען אויוועז אַרום 20 מינוט. סערווירט מיט אירגענד וועלכע סאָס.

## קיכלעך

4 אייער
1 עס־לעפעל צוקער
½ טהעע־לעפעלע זאַלץ
1 עס־לעפעל צולאָזטע רוקח׳ס כשר נייעפעט
1 עס־לעפעל רוקח׳ס כשר אויל
1½ קאַפּעס מעהל
1 טהעע־לעפעלע בייקינג פאודער

צוקלאַפּט גוט צוזאַמען די אייער, צוקער און זאַלץ; טהוט אַריין די צולאָזטע נייעפעט און אויל, דאַן טהוט אַריין די מעהל וואָס איז איבער־געזיפּט געוואָרען מיט די בייקינג פאודער. אויב עס איז צו ווייך טהוט אַריין נאָך מעהל ביז מען זאָל עס קענען לייכט באַארבייטען. טהוט אַרויף אויף אַ בעמעהלטען ברעט און וועלגערט דין. צושניידט אין פורעמס און באַשפּריינקעלט צוקער פון אויבען. טהוט אַריין אין פאַן אונטערגעשמירט מיט נייעפעט און באַקט אין אויוועז ביז פאַרטיג.

## שטרודעל

2 קאָפּעס מעהל
א טראָפּעלע זאַלץ
1 איי
½ קאָפּע לעבליכע וואסער
1 עס־לעפעל רוקח׳ס כשר נייעפעט
1 טהעע־לעפעלע צוקער

מישט גוט צוזאמען די אלע שטאָפען און קלאפּ מיט הילצערנע לעפעל ביז טייג בלייבט ניט אָנגעקלעפּט אָן לעפעל. צוטיילט אויף צוויי שטיקער און אויף יעדער שטיק טייג קלאַפּט לייכט אַרויף אַ ביסעל מעהל ביז די טייג פיהלט זיך טרוקען גענוג צום וועלגערן. באַדעקט די טייג מיט אַ שיסעל און לאָזט שטעהן אַ האַלבע שטונדע. פאַרשפּרייט אַ גרויסע טוך אויפ׳ן טיש און באַשפּריינקעלט לייכט מיט מעהל און וועלגערט אויס די טייג צו פאָרמירען אַ קליינעם צירקעל, דאַן צוציהט די טייג לייכט אויף אַלע זייטען ביז עס איז אַזוי דין ווי לעז־פּאַפּיר (טישו פעיפּער). דאַן באַשפּריינקעלט גענוג צולאָזטע נייעפעט איבער דעם.

געפילעכץ

3 עפּעל (אָבגעשיילט און פיין־צושניטען)
1 קאָפּע צולאָזטע רוקח׳ס כשר נייעפעט
½ קאָפּע צוהאַקטע ניס און ראָזינקעס
צימרינג און צוקער

מישט אַלעס צוזאַמען און באַשפּריינקעלט געדיכט איבער די טייג און פאַרוויקעלט ווי אַ דזשעלי ראָל. באַקט אין מעסיגען אויווען (350 גראַד) אַרום אַ האַלבע שטונדע און ווען קיהל, צושניידט אין וועלכע שטיקער איהר ווילט.

## אינגערבלעך

2 קאָפּעס מצה־מעהל
¼ פונט צומאָלענע אינגבער (דזשינדזשער)

מישט דאָס צוזאַמען מיט 3 אייער, און שטעלט דיזע טייג אַוועק ביז עס איז טרוקען.

נעהמט ½ פונט רוקח׳ס פיור בינען האָניג, ¾ פונט צוקער, און קאָכט ביז עס קריגט אַ רויטליכען קאָליר. קלאָפּט אַריין די אינגבער און מצה־טייג. מישט עס אויס מיט די האָניג און שטעלט עס אַוועק אויפ׳ן הינטערשטען טייל פון אויווען, מישענדיג נאָכאנאנד. ווען די געמישעכץ איז געדיכט, טהוט עס אַרויף אויף אַ ברעטעל אָבצוקיהלען. וועלגערט און צושניידט אין 2 אינטשיגע שטיקלעך.

# סאָסעס

## זיס און זויער סאָס

2 עס־לעפעל רוקח׳ס כשר נייעפעט
2 עס־לעפעל מעהל
½ טהעע־לעפעלע זאַלץ
2 עס־לעפעל רוקח׳ס פיור בינען האָניג
½ טהעע־לעפעלע פעפער
2 עס־לעפעל לעמאָן־זאפט
גרויסע קאָפּע הייסע וואַסער

ברוינט גוט די נייעפעט, טהוט אַריין מעהל, די געווירצען, צוויי דריטעל קאָפּע הייסע וואַסער, דאַן די לעמאָן־זאַפט און האָניג. קאָכט ביז עס ווערט גלאַט און סערווירט הייס ווי איהר ווילט, מיט געקאָכטע סטרינג בינס אָדער מעערען אָדער אַנדערע וועדזשעטעיבלס.

## טאַרטאַר סאָס

מישט צוזאַמען:
2 עס־לעפעל צוהאַקטע פּיקלס
2 עס־לעפעל צוריבענע אָליווס
1 טהעע־לעפעלע צוריבענע פּאַרסלי (פּעטרישקע)
1 טהעע־לעפעלע צוריבענע ציבעלע
2 קאָפּעס מאַיאָנעיז (זעהט אונזער פאַרשריפט פאַר מאַיאָנעיז)

## האָניג און פּוטער סאָס

מישט אויס 1 עס־לעפעל צולאָזטע פּוטער מיט 3 עס־לעפעל דער־היצטע רוקח׳ס פיור בינען האָניג. סערווירט הייס אויף פריטערס, פּענ־קעיקס (לאַטקעס), א. ד. ג.

## שפּאַנישע סאָס

קאָכט 1 ציבעלע און אַ גרינעם פּעפּערל פיין צוהאַקט אין 2 עס־לעפעל הייסע רוקח׳ס כשר נייעפעט.

טהוט אַריין 4 עס־לעפעל מעהל. מישט ביז עס ווערט גלאַט. טהוט אַריין 2 קאָפּעס אויסגעזאַיטע טאָמעיטאָס. באַווירצט מיט זאַלץ און פעפער.

## ציבעלע סאָס

דעמפּפט פיין־צוהאַקטע ציבעלעס אין רוקח׳ס כשר נייעפעט. טהוט אַריין אַ ½ „צאָהן" קנאָבעל זעהר פיין צושניטען. אין דיזען געמישעכטס ברוינט איין טהעע־לעפעלע מעהל. באַווירצט ביט זאַלץ און פעפער און טהוט אַריין גענוג זופּ־יויך עס צו מאַכען דין.

## טאָמעיטאָ סאָס

צולאָזט 1 עס־לעפעל רוקח'ס כשר נייעפעט, טהוט אַריין 1 צוריבענע ציבעלע און אַן עס־לעפעל מעהל.

ווען עס איז ברוין מישט אַריין 2 קאָפּעס טאָמעיטאָס וואָס מען האָט פריהער געקאָכט און אויסגעזאַיט.

טהוט אַריין 1 טהעע־לעפעלע צוקער, און עטוואָס זאַלץ און פעפער. קאָכט אַלעס צוזאַמען ביז געדיכט.

## ווייסע סאָס

1 עס־לעפעל רוקח'ס כשר נייעפעט
1 עס־לעפעל מעהל
1 קאָפּע מילך

צולאָזט די נייעפעט, נעהמט אַראָב פון פייער; מישט אַריין די מעהל. טהוט אַריין מילך ביסלעכווייז, מישענדיג נאָכאנאנד ביז עס ווערט געדיכט. באַווירצט מיט זאַלץ און פעפער.

## דזשעלי סאָס

1 קאָפּע וואַסער
1 עס־לעפעל צוקער
2 עס־לעפעל רוקח'ס
רעספּבערי פּרעזערווס
1 טהעע־לעפעלע קאָרנסטאַרטש

טהוט אַריין די וואַסער אין סאָס־פּען און קאָכט ביז עס פאַנגט אָן זידען. טהוט אַריין די פּרעזערווס און צוקער און מישט ביז זיי ווערען אויפגעלעזט. טהוט אַריין די קארנסטארטש באַנעצט מיט אַ ביסעל קאַלטע וואַסער און קאָכט 3 מינוט.

סערווירט אויף פיינקוכענס אָדער פריטערס.

## לעמאָן סאָס

קאָכט 1 קאָפּע רוקח'ס פיור בינען האָניג מיט ½ קאָפּע וואַסער און די שאָלעכץ פון 1 לעמאָן און די זאַפט פון 2 לעמאָנס. טהוט אַריין ½ טהעע־לעפעלע רוקח'ס כשר נייעפעט.

ווען עס זידט מישט אַריין אַ געגויע טהעע־לעפעלע קארנסטאַרטש אויפגעלעזט אין אַ ביסעל קאַלטע וואַסער און מישט גוט אויס. סערווירט הייס מיט פּודינגס אָדער פּיש.

# קעיקס, קיכלעך, פּאַיס, פראָסטינגס, געפילעכצען און אייסינגס

## קאָקאָ קעיקס

4 עס־לעפעל רוקח'ס כשר נייעפעט
1 קאָפּע צוקער
1 איי
½ קאָפּע מילך
1¾ קאָפּעס מעהל
3 טהעע־לעפעלעך בייקינג פּאודער
½ קאָפּע רוקח'ס פּיור קאָקאָ
¼ טהעע־לעפעלע זאַלץ
1 טהעע־לעפעלע וואַנילא

צורייבט די נייעפעט ביז עס ווערט אַ קרים, טהוט אַריין צוקער און צוקלאַפּטע איי, מישט גוט אויס און טהוט אַריין די מילך לאַנגזאַם. זיפּט איבער די מעהל, בייקינג פּאודער, זאַלץ און קאָקאָ אין דער גע־מישעכץ. מישט ביז גלאַט און דאַן טהוט אַריין די וואַנילא.

באַקט אין מאָפין בלעכלעך אונטערגעשמירט מיט נייעפעט אין מעסיגען אויוועז אַרום 20 מינוט.

## פרוכט קעיק

4 אייער
2 גלעזער צוקער
1 גלאָז רוקח'ס כשר אויל
1 גלאָז וואַרימע וואַסער
½ פונט טעיטלען
2 גלעזער סידלעס שוואַרצע רעיזינס
¼ פונט וואָלנאָטס (וועלשענע נים)
1 טהעע־לעפעלע בייקינג פּאודער
1 טהעע־לעפעלע סאָדא
4 טהעע־לעפעלעך צימרינג
3 גלעזער מעהל

צומאָלט אָדער צוהאַקט די טעיטלען (אָהן קערנער), צוזאַמען מיט די רעיזינס און די נים. צוקלאַפּט די אייער, אויל און צוקער אין אַ גרויסע שיסעל. גיסט אַריין די וואַסער. טהוט אַריין טעיטלען, נים, רעיזינס און צימרינג. מישט אַלעס גוט אויס. מישט אויס די מעהל מיט בייקינג פּאודער און סאָדא און זיפּט אַריין אין געמישעכץ. מישט גוט אויס מיט אַ הילצערנע לעפעל ביז עס ווערט אַ געדיכטע קריעם.

שמירט אויס אַ גרויסע באַק־כלי מיט רוקח'ס כשר אויל, באַשיט מיט אַ ביסעל מעהל און קעהרט איבער די באַק־כלי עס זאָל ניט בלייבען צופיל מעהל. גיסט אַריין די געמישעכץ אין דער כלי. באַקט אין מעסי־גען אויוועז איין שטונדע.

אויב איהר ווילט וויסען צו דער קעיק איז פאַרטיג, שטעקט אַריין אַ טוט־פּיק, און ווען דער טוט־פּיק איז טרוקען איז דער קעיק פאַרטיג.

